יעקב לעווין

# די אויפגאַבן פון וועלטלעכער יידישקייט
## און
# אַ פּראָיעקט פון אַ פאַרבאַנד פאַר וועלטלעכער יידישקייט



וועלט־ייד — 41 יוניאָן סקווער, צימ׳ 917, ניו־יאָרק

VELTYID, 41 Union Square, Room 917

New York 3, N. Y.

# די אויפגאַבן פון וועלטלעכע יידישקייט *)

אין משך פון כמעט הונדערט מיט פופציק יאָר האָבן די פרישערע און שפּעפּרישערע עלעמענטן פונם יידישן פאָלק זיך אָנגעשטרענגט צו באַפרייען דעם יידישן געדאַנק פון זיינע ענגע רעליגיעזע ראַמען און דאָס יידישע לעבן פון די הונדערטער סיגים, וואָס האָבן עס אַרומגערינגלט מיט אַ הויכן רעליגיעזן שוים, דורך וועלכן עס איז געווען שווער אַפילו אַ קוק צו טאָן אויף דער אַרומיקער וועלט.

צוערשט האָבן די משכילים דורכגעבראָכן אין דעם צוים אַ פענצטער צו דעם וועלטלעכן דענקען און שאַפן פון דער ניט־יידישער וועלט. שפּעטער האָבן די ציוניסטן און די נאַציאָנאַליסטן בכלל אַוועקגעשטעלט אויבנאָן אין דער יידישער לעבנסאויפפאַסונג די אידייע פון אויפלעבונג, פון גאולה; אָבער נישט דורך אַ מיסטעריעזן משיח, נאָר דורך דער באַמיאונג און אָנשטרענגונג פון די יידן אַליין אויף נאַטירלעכע וועגן. נאָכדעם האָבן די יידישע סאָציאַליסטן אַוועקגעשאַרט פון זייער וועג די אַלע כלי־קודש, וואָס זיינען מיט זייער רעליגיעזער וועלט־אַנשויאונג אַלעמאָל געשטאַנען פאַר אויפהאַלטן די עקזיסטירנדיקע פאָרמען פון לעבן, און צוזאַמען דערמיט אויך די אַלטע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע פאַרהעלטענישן. און צום סוף האָט די יידישע אינטעליגענץ, דערצויגן אויף דער מאָדערנער נאַטור־וויסנשאַפט און אויף די אויפקלערנדיקע אַנטדעקונגען פון דער ביבל־קריטיק, געבראַכט אויף דער יידישער גאַס אינגאַנצן אַ נייע וועלט־אַנשויאונג. די דאָזיקע וועלט־אַנשויאונג האָט געהאַט אַ פולשטענדיק נייעם בליק סיי אויף דער באַשאַפונג און פירונג פון דער וועלט, סיי אויף דער אַנטוויקלונג פון דעם מענטשן און דער מענטשלעכער געזעלשאַפט און סיי אויף דעם יידישן פאָלק און זיין געשיכטע.

זיי אַלע האָבן אויף פאַרשידענע אופנים געהאָלפן אַראָפּפירן דעם יידישן געדאַנק פון די ענגע און שמאָלע רעליגיעזע שטעגן און אים אַרויספירן אויף ברייטערע וועגן פון נייע וועלטלעכע אידייען און פון מאָדערנע וועלטלעכע שאַפונגען אויף אַלע געביטן פון יידישער קולטור. און דאָס לעבן אַרום האָט

---

*) צו די לייענער פון דער „צוקונפט״: אויב איר האָט געלייענט אין דער „צוקונפט״ פון פעברואַר 1946 דאָס אַרטיקל „די אויפגאַבן פון וועלטלעכער יידישקייט״, לייגט ניט אַוועק די בראָשור אָן אַ זייט, ווייל דאָרטן איז בלויז געווען אַ טעאָרעטישע אָפּהאַנדלונג פון דער פּראָבלעם, און דאָ, אין דער בראָשור, איז פון דער 10טער זייט אָן אויך פאַראַן אַ גאַנץ קאָנקרעטער און גענויער „פּראָיעקט פון אַ פאַרבאַנד פאַר וועלטלעכער יידישקייט״.

— י. ל.

פון זיין זייט דורך עקאָנאָמישן דרוק אויך גאָר אַ היפּש ביסל מיטגעהאָלפן דער פאַרוועלטלעכונג פון דעם יידישן לעבן און זיין באַפרייאונג פון די אַלטע רעליגיעזע נאָרמען און פאָרמען.

עס האָט גענומען לאַנג. אָבער ביסלעכווייז האָט דער רעליגיעזער בליק אויף דער וועלט און אויף דעם לעבן, צוזאַמען מיט די רעליגיעזע פאָרמען פון לעבן, זיך אַלץ מער אָפּגערוקט אָן אַ זייט און האָט אַלץ מער געלאָזן אַ פּלאַץ אויף דער יידישער גאַס פאַר דער נייער וועלטלעכער יידישקייט.

זי, די וועלטלעכע יידישקייט, האָט זיך באַפרייט פונעם גלויבן אין איבערנאַטירלעכע דערשיינונגען ווי אויך פון אַלערליי אָבערגלויבנס. זי האָט פאַר זיך באַפרייט דאָס מענטשלעכע לעבן און יעדן מינדסטן טריט פון לעבן פון דער השגחה פּרטית. זי האָט באַפרייט דעם וועלטלעכן מענטשן פונעם גלויבן אין יענע־וועלטיקע שכר און עונש. זי האָט דערזען די ביבל אין דער ריכטיקער פּערספּעקטיוו — ווי וואונדערלעכע ליטעראַרישע און געזעצגעבערישע שאַפונגען — און זי באַפרייט פונם אָרעאָל פון געטלעכקייט. זי האָט פון אונטער דער יידישער מאָראַל אַרויסגעצויגן דעם רעליגיעזן פונדאַמענט פון יראת־שמים און אָנשטאָט דעם אונטערגעלייגט אונטער איר דעם באַזיס פון געזעלשאַפטלעכער נוצלעכקייט, און אַזוי אַרום אויפגעהויבן זי פון דער שטופע פון הייליקייט, פון זיין דער אויסדרוק פון גאָטס ווילן, צו דער שטופע פון אַ העכערער מאָס מענטשלעכקייט און פיינקייט אין דער באַציאונג פונם מענטשן צו אַנדערע יחידים, צו דער געזעלשאַפט און צו העכערע אידעאַלן. זי האָט אַראָפּגעצויגן דאָס רעליגיעזע קלייד, אין וועלכן די אַלטע יידישקייט האָט אָנגעקליידט יעדן מאָמענט און אַוודאי שוין יעדן וויכטיקן מאָמענט אינעם לעבן פון יעדן יידן פון געבוירן ווערן און ביזן טויט, פון אויפכאַפּן זיך אין דער פרי און ביזן שלאָפן גיין און פון ראש־השנה ביזן לעצטן יום־טוב פון יאָר.

און פון איר זייט האָט די וועלטלעכע יידישקייט געעפנט אַלע יידישע שאַפונגס־קוואַלן און אַנטוויקלט די יידישע שעפערישע כוחות צו אַזאַ הייך, וואָס דאָס יידישע לעבן האָט ניט געזען זינט די צייטן פון די נביאים. זי האָט געשאַפן אַ וואונדערלעכע אַלזייטיקע יידישע ליטעראַטור און אַ רייכע יידישע פּרעסע. זי האָט אויסגעאיידלט דאָס יידישע ליד און אויפגעהויבן דאָס יידישע מוזיקאַלישע שאַפן, ווי אויך די טעאַטראַלע קונסט. זי האָט געבראַכט צום לעבן אַ נייע קונסט אינעם יידישן לעבן — די פּלאַסטישע קונסט פון מאָלן און שניצן. זי האָט אויפגעבויט די נייע וועלטלעכע יידישע שול און אַנטוויקלט אַ פרייע יידישע וויסנשאַפט.

אָבער אין דעם ברען פון קאַמף קעגן דער רעליגיעזער יידישקייט און אין שוואונג פון שאַפן נייע גרויסע וועלטלעכע ווערטן, האָט די וועלטלעכע יידישקייט פאַרגעסן צו שאַפן מיטלען פון אָנהאַלט און וואוקס פאַר זיך אַליין.

ביים רייניקן דאָס יידישע לעבן פון רעליגיעזישקייט האָט זי אָפטמאָל ניט נאָר אַראָפּגעוואָרפן די רעליגיעזע פאָרם פון געוויסע מנהגים, ימים־טובים און מצוות, נאָר אויך אַרויסגעוואָרפן דעם ניט רעליגיעזן אינהאַלט זייערן, און קיין נייע וועלטלעכע פאָרמען האָט זי ניט געשאַפן. איז זי געבליבן טרוקן, אָן ימים־טובים און פרייד, אויסגעהוילט פון יום־טובדיקייט און שמחות. זי האָט אָפּגעוואָרפן די אַלטע אָני מאַמינס פון דעם רעליגיעזן יידן, אָבער זי האָט ניט אָנגעוויזן און ניט פאָרמולירט קאָנקרעט אירע אייגענע קרעדאָס; איז זי געבליבן אַן אַבסטראַקטע דערשיינונג, אין וועלכער יעדער איינער האָט גע־קאָנט אַריינטייטשן וואָס ער וויל. זי האָט זיך באַפרייט פון דעם אַלטן רעלי־גיעזן שטייגער לעבן, אָבער זי האָט פון איר זייט ניט איינגעשטעלט קיין נייעם, קיין אייגענעם וועלטלעכן לעבנס־שטייגער. איז זי געבליבן פאָרמלאָז, פנימ־לאָז און צעשוואומען.

די וועלטלעכע יידישקייט קאָן דעריבער רעדן וועגן אַ וועלטלעך יידיש לעבן, אָבער זי האָט ביז איצט קאָנקרעט ניט אָנגעוויזן, אין וואָס עס באַשטייט. זי קאָן רעדן וועגן אַ מאָראַל, וואָס שטאַמט ניט פון יראת־שמים, אָבער זי האָט קיינמאָל ניט פאָרמולירט גענוי איר אייגענע מאָראַל. זי האָט אַלע מאָל באַהויפּטעט, אַז אַ וועלטלעכער ייד איז ניט וויניקער ייד און איז ניט אַן ערגערער ייד, ווי דער רעליגיעזער; אָבער אין וואָס גענוי עס באַשטייט זיין יידישקייט, האָט זי קיינמאָל ניט אָנגעוויזן.

מ׳האָט אויף דער יידישער גאַס יאָ אַ סך גערעדט וועגן וועלטלעכער יידישער קולטור־טעטיקייט, און מ׳האָט ניט וויניק געטאָן אויף דעם געביט; מ׳האָט געשאַפן אָרגאַניזאַציעס אַרויסצוגעבן און צו פאַרשפּרייטן יידישע ביכער; צו בויען און אויפהאַלטן יידישע שולן; צו שאַפן און אַנטוויקלען די יידישע וויסנשאַפט; בכלל — צו פלעגן און פאַרשפּרייטן די יידישע קולטור. אָבער מ׳האָט קיינמאָל גאָרנישט ניט געטאָן אויפצוהאַלטן יידיש — סיי אין שפּראַך, סיי אין פאָרם, סיי אין אינהאַלט — די יידישע היים און דער־מיט דעם אונטערוואַקסנדיקן דור. און עס האָט אָנגעהויבן דראָען אַ געפאַר, אַז די וועלטלעכע יידישקייט זאָל אָפּשטאַרבן מיטן איצטיקן אָדער שפּעטסטנס קומענדיקן דור וועלטלעכע יידן.

געזעלשאַפטלעך האָט די וועלטלעכע יידישקייט אַפילו געשאַפן געוויסע לעבנס־פאָרמען: זי האָט געשאַפן פאַרטייען און אָרדנס; קינדער־שולן און קולטורעלע פאַראיינען. און זי האָט אויסגעאַרבעט פאַר זיי לאָקאַלע פייערונגען מיט קאָנצערטן, באַנקעטן און גראַדואירונגען מיט פאַרשיידענע צערעמאָניעס. אָבער פאַר יעדן יידן באַזונדער און פאַר יעדער יידישער היים באַזונדער און פאַר די קינדער, וואָס וואַקסן אונטער, האָט זי ניט געשאַפן קיין שום ימים־טובים און קיין שום לעבנס־פאָרמען.

יעדער ייד באַזונדער איז פּאַקטיש געבליבן פריי פון יעדן יידישן מנהג, פון יעדער יידישער פליכט, פון יעדער פאָדערונג, וואָס די וועלטלעכע יידיש־קייט זאָל זיי האָבן אַרויסגעשטעלט און וואָס זיי זאָלן דאַרפן דערפילן, אויב זיי ווילן האַלטן זיך פאַר יידן.

די וועלטלעכע יידישקייט איז געוואָרן צו ברייט און צו פריי. זי האָט צו דעם איינצעלנעם יידן ניט אַרויסגעשטעלט קיין שום פאָדערונגען, קיין שום פּאָסטולאַטן. זי האָט אירע אָנהענגער צו קיין זאַך ניט פאַרפליכטעט און האָט אַזוי אַרום באַפרייט דעם איינצלנעם וועלטלעכן יידן פון יעדער יידישער דיסציפּלין. עס האָט זיך געדאַכט, אַז יעדער איינצלנער וועלטלעכער ייד איז צופרידן, וואָס ער איז פריי פון אַלע רעליגיעזע התחיבותן; וואָס ער האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם יאָך פון די אַלע מצוות מעשיות און פון מצוות בכלל. אָבער אין אָט־דער ברייטער פרייהייט איז צעשוואומען געוואָרן יעדער יידישער לעבנס־שטייגער, יעדער קאָנקרעטער אויסדרוק פון אָנגעהעריקייט צו אַ יידישן קיבוץ.

דאָס וואָס די יידישע היים און דאָס פּערזענלעכע יידישע לעבן איז געוואָרן אויסגעלײדיקט, האָט געפירט דערצו, אַז אַ סך וועלטלעכע יידן זאָלן זיך אָנהייבן לאַנגווייליקן אין זייער גאַנצער וועלטלעכער פרייהייט. זיי האָט זיך פאַרבענקט נאָך באַגרענעצונג, נאָך יידישער דיסציפּלין, נאָך פאָרמען, נאָך אַ יום־טוב, נאָך שטייגער־לעבן. און אויב זיי האָבן עס ניט געפונען אין זייער וועלטלעכער סביבה, זיינען זיי אַוועק דאָס זוכן ביי די זיידעס. און די, וואָס האָבן נאָך גאָר ניט לאַנג צוריק אויסגעזען אין זייערע אויגן אַבערגלויבעריש און אומוויסנדיק, זיינען פאַר זיי מיט אַמאָל געוואָרן דער אידעאַל פון גאַנצקייט און פון אַ פול לעבן. און די רעליגיעזישקייט, וואָס איז גאָר מיט אַ קורצער צייט צוריק געווען פאַר זיי באַגרענעצטקייט, פלאַכקייט פון געדאַנק און קינדערישע נאַאיוויטעט, האָט פּלוצלונג באַקומען ביי זיי דעם זיבעטן חן.

אַנדערע טייטשן אויס זייער בענקעניש נאָך יום־טובדיקייט, נאָך פאָרם, נאָך שטייגער און בכלל נאָך עפּעס נייעס, ווי רעליגיעזע בענקעניש. און נאָך אַנדערע פאַרפילאָזאָפירן זיך וועגן אַזאַ אַבסטראַקטן גאָט, וואָס האָט פּאַקטיש קיין שום שייכות ניט, ניט מיטן לעבן פונם יחיד, ניט מיטן לעבן פונם פאָלק. און זיי באַמערקן ניט, אַז מיט אָננעמען אַזאַ גאָט שאַפן זיי ניט קיין שום באַציאונג ניט צו דער אַלטער, ניט צו אַ נייער רעליגיעזישקייט.

אָבער דאָס, וואָס וועלטלעכע יידן האָבן אָנגעהויבן צו פאַרקירעווען די האַלאַבליעס, איז אַ סימפּטאָם — אַ סימפּטאָם פון ליידיקייט אין די רייען פון וועלטלעכער יידישקייט גופא. דאָס אומקערן זיך צו די זיידעס איז געוויס ניט קיין נאָרמאַלע דערשיינונג. ווייל אייגענע דחקות פאַרוואַנדלט דאָך ניט דעם צווייטנס אָרעמקייט אין עשירות, אָבער דאָס דאַרף דינען פאַר אַן

אזהרה, פאַר אַ וואָרנונג דער וועלטלעכער יידישקייט, אַז עס איז געקומען די צייט זי זאָל פאַרריכטן אירע גרייזן און זאָל אָנהייבן אַריינברענגען אינהאַלט און פאָרם אַהין וואו עס האָט זיך געשאַפן אַ ליידיקייט.

דערביי דאַרף מען נאָך געדענקען, אַז כל זמן מ'האָט געדאַרפט קעמפן מיט דער רעליגיעזער יידישקייט, וואָס האָט ברייט געהערשט אויף דער יידישער גאַס, איז דער קאַמף אַליין געווען אַ גענוגנדיקער סטימול פאַר דער עקזיסטענץ פון וועלטלעכער יידישקייט. איצט אָבער האָט זיך די לאַגע געביטן. דער קאַמף קעגן רעליגיע האָט זיך אָפּגעקילט, פון איין זייט האָט די וועלטלעכע יידישקייט באַקומען פולע פרייהייט און פולע בירגער־רעכט אויף דער יידישער גאַס, און פון דער אַנדער זייט איז די רעליגיעזע יידישקייט — באַזונדערס נאָך ביי אונדז אין אַמעריקע — אויסגעליידיקט געוואָרן פון אַ גרויסן טייל פון איר אַמאָליקן אינהאַלט, פון אַ היפּש ביסל פון איר אויפריכטיקן גלויבן און פון איר ברען. האָט דער קעגנזייטיקער קאַמף צווישן זיי פאַרלאָרן דעם אימפּעט. די וועלטלעכע יידישקייט מוז דעריבער האָבן אַנדערע סטימולן פאַר איר אייגענער עקזיסטענץ און אַנדערע מיטלען צו האַלטן ביי זיך אירע דערוואַקסענע אָנהענגער און נאָך מער — דעם יונגן דור.

וואָס זיינען זיי?

די רעליגיעזע יידישקייט האָט פאַרמאָגט דריי זאַכן: אַ וועלט־אַנשויאונג, אַ שטייגער־לעבן און אַ קאָמפּלעקס מצוות און פאַסטולאַטן, וואָס יעדער ייד האָט גענומען אויף זיך על פּי געבורט אָדער באַוואוסטזיניק אָפּצוהיטן. די וועלטלעכע יידישקייט, אויב זי וויל ווערן דער יסוד פאַר אויפהאַלטן דאָס יידישע לעבן, דאַרף אויך פאַרמאָגן די אַלע דריי עלעמענטן. נאָר בשעת אין דער רעליגיעזער יידישקייט אין דער יסוד געווען דאָס גלויבן אין גאָטהייט, אין השגחה פּרטית און אין דער געטלעכקייט און הייליקייט פון דער תורה — און דאָס האָט באַשטימט אַלע וויטערדיקע דרכים פונם יידישן לעבן און אויפפיר, מוז ביי אַ וועלטלעכער אַנשויאונג דער יסוד פון יידישקייט זיין אינגאַנצן אַן אַנדערער. איך גלויב, אַז פאַר אַזאַ יסוד דאַרף אין דער וועלטלעכער יידישקייט דינען: 1) דאָס גלויבן אין דער אייביקייט פונם יידישן פאָלק, אָדער ריכטיקער — אַז דאָס יידישע פאָלק וועט עקזיסטירן כל זמן עס וועלן עקזיסטירן פעלקער אויף דער וועלט; 2) דער ווילן צו געהערן צום יידישן פאָלק; און 3) דאָס גלויבן, אַז דאָס יידישע פאָלק וועט אַמאָל באַפרייט ווערן פון זיינע ליידן, און וועט אויפבויען אַ זעלבסטשטענדיק גייסטיק יידיש לעבן.

דער דאָזיקער יסוד מוז פירן צו אַ ריי וויכטיקע אויספירן.

ערשטנס — דאָס יידישע פאָלק קאָן בלייבן ווי אַ באַזונדער פאָלק בלויז דאַן, ווען עס וועט זיין אַנדערש פון די, צווישן וועמען עס וואוינט;

וועו עס וועט האָבן זיינע אייגענע ימים־טובים און מנהגים, זיין אייגן שטייגער־לעבן און באַזונדערס — זיין באַזונדערע שפּראַך. אויב אין דער רעליגיעזער יידישקייט האָט געקאָנט זיין „שמע — בכל לשון שאַתה שומע״, קאָן דער דאָזיקער פּרינציפּ ניט גילטן אין דער וועלטלעכער יידישקייט. ווייל דאָרט איז די רעליגיעזישע באַזונדערקייט געווען גענוג אָפּצוטיילן די יידן פון די אַרומיקע און פאַרהיטן זיי פון אַסימילאַציע; איצט אָבער מוז זיין אַן אַנדער מחיצה אויף אָפּזונדערן, און אָט די מחיצה איז די שפּראַך, אין דעם פאַל — די יידישע שפּראַך. וואָרעם די שפּראַך פון לאַנד זונדערט ניט אָפּ, נאָר דערנענטערט; און העברעאיש עקזיסטירט ווי אַ לעבעדיקע שפּראַך בלויז אין איין קליין ווינקל פון דער גרויסער יידישער צעשפּרייטונג, בשעת אויף יידיש ווערט גערעדט אין יעדן גרעסערן ישוב אויף דער גאָרער וועלט.

צווייטנס — אַסימילאַציע, וואָס רייסט כסדר אָפּ צווייגן פונעם יידישן שטאַם און שוואַכט דורך דעם אָפּ דעם גאַנצן יידישן קערפּער קוואַנטיטאַטיוו און גייסטיק, דאַרף באַטראַכט ווערן פאַר דעם ערגסטן יידישן שונא און דאַרף באַקעמפט ווערן פון דער וועלטלעכער יידישקייט.

און דריטנס — די וועלטלעכע יידישקייט דאַרף מאַכן די גרעסטע אָנ־שטרענגונג צו פאַרשטאַרקן דעם ווילן צו געהערן צום יידישן פאָלק, באַזונדערס ביים אונטערוואַקסנדיקן דור.

נאַטירלעך וועט עס קלינגען קאָמיש, אויב מ׳וועט אונדז פאַרוואַרפן, אַז מיר ווילן זיך איזאָלירן; אַז מיר ווילן זיך אָפּזונדערן, אַוועק אין אַ געטאָ. פאַר פולער אָפּזונדערונג און איזאָלירונג איז שוין גאָר ניטאָ וואָס מורא צו האָבן. וואָרעם דאָס לעבן און די גאַנצע סביבה שלעפּט אונדז כסדר אין דעם אַלגעמיינעם שטראָם און שטופּט אונדז אין דעם גרויסן שמעלץ־טאָפּ אַריין. און זיי טוען עס מיט אַזאַ קראַפט, אַז מיר מוזן זיך אָנשטרענגען און איבערבייגן זיך אויף דער אַנדער זייט, כדי ניט פאַרפלייצט צו ווערן פון דעם שטראָם.

עס איז געקומען די צייט, אַז וועלטלעכע יידישקייט זאָל אָנהייבן טראַכטן וועגן איר צוקונפט. זי דאַרף פריער ווי אַלץ זיך אָפּזאָגן פון איר אַבסאָלוטער, אומבאַגרענעצטער פרייהייט. זי דאַרף נעמען אויף זיך אַ באַשטימטע דיסציפּלין. זי דאַרף קלאָר פאָרמולירן אירע פּרינציפּן און קרעדאָס. זי דאַרף אויף אַ קאָנקרעטן אופן אויסדריקן אירע פּאָסטולאַטן און פאָדערן פון אירע אָנהענגער, זיי זאָלן זיך פאַרפליכטן צו טאָן געוויסע מעשים, און זאָלן זיך אָפּזאָגן פון צו טאָן אַנדערע. זי דאַרף איינשטעלן איר אייגענעם לעבנסשטייגער.

ווי אַ יורשטע פון אַלץ, וואָס איז ביז איצט געשאַפן געוואָרן פון יידן, דאַרף די וועלטלעכע יידישקייט אַריינעמען די אַלע אידייען, פּרינציפּן און פאָרמען, וואָס צוזאַמען מיט דער העכערער מאָראַל, ווי אויסגעדריקט אין דער

תורה, ביי די נביאים און אין די לערעס פון די אבות — האָבן אַ ווערט; די אַלע ימים־טובים און מנהגים, וואָס האָבן אַ זין, אויב נאָר זיי קאָנען געמאַכט ווערן ריין פון רעליגיעזן אינהאַלט און פאָרם. וועלטלעכע יידישקייט איז ניט וויניקער שעפעריש, ווי די רעליגיעזע; זי האָט גענוג מאַטעריאַל און גענוג טאַלאַנט צו שאַפן וועלטלעכע פאָרמען פאַר די אַלע ימים־טובים און מנהגים, וואָס זי וועט איבערנעמען; צו שאַפן אַ וועלטלעכן צערעמאָניאַל פאַר אַלע וויכטיקע מאָמענטן פון דעם יידישן לעבן אין געמיינדע און פונם לעבן פון דעם יידישן יחיד אין דער היים. בכלל — צו שאַפן אַ נייעם וועלטלעכן לעבנס־שטייגער.

וועלטלעכע יידישקייט דאַרף אויפהערן זיך צו באַגנוגענען מיט געזעל־שאַפטלעכער טעטיקייט, נאָר זי דאַרף אָנהייבן שענקען פולע אויפמערקזאַמקייט די פערזענלעכע פליכטן פון דעם יחיד. און די פריידיקער פון געזעלשאַפט־לעכער טעטיקייט אויף פאַרשיידענע געביטן פון יידישער קולטור מוזן זיך אויפהערן צו באַגנוגענען מיט פריידיקן פאַר אַנדערע, נאָר אָנהייבן מקיים צו זיין אַליין, וואָס זיי רעקאָמענדירן אַנדערע.

יעדער וועלטלעכער ייד דאַרף אויפהערן בלויז צו דערקלערן זיך פאַר אַ יידן, נאָר ער דאַרף אָנהייבן לעבן ווי אַ ייד. מ'דאַרף באַוואוסטזיניק און פרייוויליק נעמען אויף זיך אַ דיסציפּלין פון פאַרבינדן זיך פערזענלעך מיט דעם גאַנצן וועלטלעכן יידישן קיבוץ דורך געוויסע פּרינציפּן און פּאָסטולאַטן.

עס איז געקומען די צייט, די וועלטלעכע יידן זאָלן זיך פאַראייניקן אין וועלטלעכע יידישע גרופּעס אָדער געמיינדעס, אָדער אין אַ וועלטלעכן יידישן פאַרבאַנד און אָנהייבן שאַפן אַ וועלטלעכן יידישן שטייגער־לעבן, אין וועלכן זיי אַליין זאָלן זיך אויסלעבן, און צו וועלכן — ווי צו עפּעס קאָנקרעטס, שיינס און אינהאַלטסרייכס — זיי זאָלן קענען צוציען זייערע קינדער.

וועלטלעכע יידישקייט מוז אָנהייבן טראַכטן וועגן איר מאָרגן, אויב זי וויל ניט צעשוואומען ווערן און זיך אויפלייזן אין איר היינט און אינגאַנצן פאַרשפּילן איר נעכטן.

אָבער איך גלויב, אַז עס איז ניט גענוג צו בלייבן בלויז ביי אַ טעאָרעטישער אָפּהאַנדלונג וועגן וועלטלעכער יידישקייט און אירע פּראָבלעמען: איך מיין, אַז עס איז וויכטיק קלאָרער אָנצומערקן, וואָס פאַר אַ פּרינציפּן עס וואָלטן געדאַרפט אַוועקגעלייגט ווערן אַלס יסוד פון אַ וועלטלעכער יידישער אָנשוי־אונג; אַז עס איז כדאי קאָנקרעט צו ווייזן, ווי אַזוי עס קאָן געשאַפן ווערן אַ נייער וועלטלעכער יידישער לעבנסשטייגער; און אַז עס איז נייטיק צו פאָרמולירן וועגן, ווי אַזוי די וועלטלעכע יידן וואָלטן זיך געקאָנט אָרגאַניזירן און פאַרבינדן פאַרן צוועק פון אַ פולערן אויסלעבן זיך אַליין און פון שאַפן אַ יידישע סביבה פאַר דעם אונטערוואַקסנדיקן דור.

איך לייג דאָ דעריבער פאָר —

# אַ פּראָיעקט פון אַ פאַרבאַנד פאַר וועלטלעכער יידישקייט.

## 1. צילן פון פאַרבאַנד:

א. פאַרבינדן די וועלטלעכע יידן פאַרן צוועק פון אָפּהיטן און אויפהאַלטן וועלטלעכע יידישקייט.

ב. אויסאַרבעטן פאָרמען און אַ שטייגער לעבן פאַר וועלטלעכער יידישקייט.

ג. איינפירן אָט די פאָרמען אינם לעבן פון די וועלטלעכע יידן אַזוי ברייט ווי מעגלעך, סיי צווישן אונדזער דור, סיי צווישן דער יוגנט.

ד. אויפהאַלטן און פאַרשפּרייטן די וועלטלעכע יידישע קולטור.

## 2. קרעדאָס און פּרינציפּן פון וועלטלעכער יידישקייט:

א. מיר גלויבן, אַז דאָס יידישע פאָלק וועט עקזיסטירן כל־זמן עס וועלן עקזיסטירן פעלקער אויף דער וועלט.

ב. מיר האַלטן די יידן פון אַלע לענדער, ניט קוקנדיק אויף דער גרויסער פאַרשיידנקייט פון זייער אויסזען און קולטורעלן מצב, פאַר טיילן פון איין יידיש פאָלק.

ג. מיר האַלטן די עקזיסטענץ פון באַזונדערע פעלקער פאַר אַ ברכה אויף דער וועלט (הגם קאָנקורענץ און פיינטשאַפט צווישן פעלקער זיינען דאָס גרעסטע אומגליק און קללה).

ד. מיר האַלטן, אַז יידן דאַרפן זיך ניט אַסימילירן מיט אַנדערע נאַציאָנאַלע גרופּעס און ניט אויסמישן זיך מיט זיי.

ה. מיר האַלטן אַסימילאַציע פאַר דעם ערגסטן יידישן שונא, ווייל ער רייסט כסדר אָפּ צווייגן פון יידישן שטאַם.

ו. מיר זיינען וועלטלעכע (ניט רעליגיעזע) מענטשן, און פירן דערפאַר אַ וועלטלעך יידיש לעבן.

ז. מיר אָנערקענען „יידיש" פאַר דער הויפּט־שפּראַך פונם יידישן פאָלק און פאַר דעם הויפּט־שוץ קעגן אַסימילאַציע און דערקלערן יידיש פאַר אונדזער נאַציאָנאַלער שפּראַך.

ח. מיר האַלטן ניט, אַז מיר, יידן, זיינען בעסער פון אַנדערע פעלקער. מיר האַלטן אָבער אויך, אַז מיר זיינען אין קיין הינזיכט ניט ערגער פון אַנדערע.

ט. צוליב דעם אָבער, וואָס מ'דיסקרימינירט כסדר קעגן אונדז און מ'פאַרפאָלגט אונדז, איז ווינטשנסווערט, אַז מיר זאָלן זיך דווקא אויסצייכענען מיט אונדזער ערלעכקייט, מיט אונדזער העכערער מאָראַלישקייט אין דער באַציאונג צו אַנדערע מענטשן און צו אַנדערע פעלקער.

י. מיר גלויבן, אַז דאָס יידישע פאָלק וועט אַמאָל אויפבויען אַ זעלבשטענדיק לעבן אין אַן אייגענער סביבה, באַזירט אויף דער יידישער שפּראַך און קולטור און אויף דער העכערער מאָראַל פון אמתער מענטשלעכער גלייכקייט, פרייהייט און ברידערלעכקייט.

יא. מיר האַלטן, אַז ווי יורשים פון אַלצדינג, וואָס איז פאַראַן ווערטפולס אין אַלע ביז איצטיקע שאַפונגען פונם יידישן פאָלק, דאַרפן מיר איבערנעמען פון דעם דאָס, וואָס קאָן פעסטיקן דאָס יידישע לעבן און שאַפן באַזונדערן, שענערן, יידישן לעבנס־שטייגער. נאָר אויב די שאַפונגען, מנהגים אָדער פאָרמען זיינען רעליגיעז, דאַרפן מיר זיי פאַרוועלטלעכן.

## 3. מנהגים, פירונגען און פּאָסטולאַטן, וואָס די אָנהענגער פון וועלטלעכער יידישקייט נעמען אויף זיך אָפּצוהיטן :

א. דעם יום־טוב פּסח, אַלס פייערונג פונם געבורט פון יידישן פאָלק, ווי אויך פון דעם, וואָס אין יעדן דור שטייען אויף אונדז אויף מענטשן און פעלקער אונדז צו פאַרניכטן, נאָר מיר ווערן ניצול און לעבן איבער אונדזערע שונאים. דאָס מיינט — אַלס יום־טוב פון אייביקייט פון יידישן פאָלק.

ב. דעם יום־טוב פּורים — אַלס אָנדענק פון ניצול ווערן פון אויסראָטונג אין פאַרשיידענע צייטן ; פון דער מפּלה פון המנען, היטלערן און אַנדערע.

ג. דעם יום־טוב חנוכּה — אַלס אָנדענק פון דעם העלדישן קאַמף פון די יידן קעגן די אויסערלעכע שונאים און קעגן די אינערלעכע שונאים, די אַסימילאַטאָרן.

ד. תּשעה באָב — אַלס אַלגעמיינעם טרויער־טאָג אויפן חורבן פון יידישער מלוכהשקייט און אויף אַלע אַנדערע יידישע חורבונות, ווי אויך אַלס אָנדענק־טאָג פון אַלע יידישע געפאַלענע העלדן און קרבנות פון קידוש־השם.

ה. מיר פירן נאָך איין אַ יום־טוב פון דער יידישער שפּראַך און קולטור און פון יידישן בוך.

ו. פייערן דעם 13טן געבוירטסטאָג — סיי פון יינגלעך, סיי פון מיידלעך — אַלס דאַטע פאַרן באַוואוסטזיניקן אָנשליסן זיך אָן וועלטלעכן יידנטום.

(פאַר די אַלע ימים־טובים, טרויער־טעג, פייערונגען און מנהגים דאַרפן אויסגעאַרבעט ווערן צערעמאָניאַלן — מיט זאָגן, מיט זינגען, מיט פאָרלייענען, מיט פאָרשטעלונגען אד״גל — סיי פאַר אָפּהיטן זיי געזעלשאַפטלעך, און סיי פאַר פּראַווען זיי אין די היימען. נאַטירלעך דאַרפן אַלע צערעמאָניאַלן זיין ריין וועלטלעכע. עס דאַרפן אויך איינגעשטעלט ווערן ספּעציעלע מאכלים פאַר יעדן יום־טוב און שפּילערייען פאַר קינדער.

ז. רעדן יידיש צווישן זיך און מיט די מיטגלידער פון דער פאַמיליע.

ח. שיקן די קינדער אין אַ וועלטלעכער יידישער שול.

ט. קויפן יידישע ביכער, לייענען זיי און שענקען זיי אַלס מתּנות סיי צו די קינדער, סיי אַנדערע.

י. זען, אַז די קינדער זאָלן חתונה האָבן מיט יידן.

יא. צונויפקומען זיך וועכנטלעך מיט אַנדערע מיטגלידער פון פאַרבאַנד אָדער וויניקסטנס מיט די מיטגלידער פון דער אייגענער משפּחה צו לייענען טיילן פון דער יידישער ליטעראַטור.

יב. אָפּהיטן די וויכטיקע פאָרשריפטן פון מאָראַל, ווי אָנגעוויזן אין דער תורה, ביי די נביאים, און די „לערעס פון די פאָטערס״ און אַנדערע און באַשטעטיקט און פאָרמולירט פונם ראַט פון וועלטלעכער יידישקייט.

## 4. פליכטן פון די מיטגלידער פון פאַרבאַנד:

א. אָפּהיטן די אַלע מנהגים, ימים־טובים און פאָרשריפטן פון פאַרבאַנד.

ב. פאַרשפּרייטן די אידייען און פּרינציפּן פון וועלטלעכער יידישקייט.

ג. העלפן צוציען וואָס מער מיטגלידער צום פאַרבאַנד.

ד. קומען צו די וועכנטלעכע און יום־טובדיקע צונויפקומען פון דער פאַרבאַנד־גרופּע.

ה. טראָגן אַלעמאָל דעם ספּעציעלן קנעפּל פון פאַרבאַנד, כדי די מיטגלידער זאָלן לייכטער דערקענען איינע די אַנדערע.

ו. העלפן באַקעמפן אַסימילאַציע צווישן יידן.

ז. העלפן אין דער טעטיקייט פון די וועלטלעכע יידישע שולן.

ח. בכלל העלפן אין די טעטיקייטן פון פאַרבאַנד.

## 5. די נאָענטסטע אויפֿגאַבן פֿון פֿאַרבאַנד.

א. אויסאַרבעטן צערעמאָניאַלן פֿאַר אַלע ימים־טובים, שמחות, טרויער־טעג און אַנדערע וויכטיקע געשעענישן אינם לעבן פֿונם מענטשן.

ב. צוזאַמענשטעלן אַ האַנטבוך: 1) מיט די פּרינציפּן און כּללים פֿון פֿאַרבאַנד; 2) מיט די צערעמאָניאַלן פֿאַר אַלע מנהגים, ימים־טובים, שמחות אד״גל, און 3) מיט אויסצוגן פֿון ליטעראַטור צום פֿאַרלייענען, זינגען, דעקלאַמירן און פֿאַרשטעלן פֿאַר אַלע ימים־טובים, מנהגים אד״גל.

ג. צוזאַמענשטעלן אַן אַנטאָלאָגיע פֿון די בעסטע טיילן פֿון דער יידישער ליטעראַטור — סיי פּראָזע, סיי פּאָעזיע — סיי פֿון דער מאָדערנער, סיי פֿון דער עלטערער.

דער פּראָיעקט איז, פֿאַרשטייט זיך, ניט קיין הלכה למשה מסיני. עס איז בלויז אַ פּראָיעקט, צו וועלכן מ׳קאָן צוגעבן און פֿון וועלכן מ׳קאָן אַראָפּנעמען. די וואָס זיינען אין פּרינציפּ פֿאַר דער שאַפֿונג פֿון אַזאַ פֿאַרבאַנד אויף אויסצולעבן זיך יידיש־וועלטלעך, וועלן זיך צונויפֿקומען און באַשטימען ענדגילטיק, וואָס אַריינצונעמען. זיי וועלן אויך באַשטימען די וועגן, ווי אַזוי אויסצואַרבעטן די אַלע נייטיקע צערעמאָניאַלן און וואָס און ווי צו טאָן ביי די צונויפֿקומען.

איך גלויב, אַז אַזאַ פֿאַרבאַנד איז אַבסאָלוט נייטיק, און עס איז אויך מעגלעך אים צו גרינדן. איך גלויב, אַז אַ סך פֿון די וועלטלעכע יידן, וואָס זיינען נאַציאָנאַל געשטימט און זיינען דורכגעדרונגען מיט דער יידישער קולטור, בענקען שוין לאַנג נאָך עפּעס אַזעלכעס. איך גלויב אויך, אַז אַ סך פֿון אָט די יידן וועלן זיך ניט באַגנוגענען בלויז מיט איבערלייענען דעם פּראָיעקט, און דערנאָך אָוועקלייגן אים אָן אַ זייט און פֿאַרגעסן אָן אים.

דער פֿאַרבאַנד איז הויפּטזאַכלעך פֿאַר יעדן יידיש־וועלטלעכן יחיד, אָבער נאָר דאַן, ווען ער, דער יחיד, איז פֿאַרבונדן מיט ענלעכע צו אים יחידים און גרופּעס, וואָס קאָנען זיך צונויפֿקומען און צוזאַמען אָפּמאַכן צו לעבן אויף דעם זעלבן שטייגער, אָפּצוריכטן די זעלבע ימים־טובים, און סיי אין עפֿנטלעכע צונויפֿקומען און סיי אין די היימען אָפּהיטן און דורכפֿירן געוויסע פֿאָרמען, בלויז דאַן וועט דער יחיד זיין דרייסט גענוג און ניט פֿילן זיך אומבאַקוועם צו לעבן אויף אַ געוויסן שטייגער.

דער פֿאָרשלאָג, וואָס ליגט דאָ פֿאַר אייך, איז ניט צו רעדן, נאָר צו טאָן; ניט צום דיסקוטירן בלויז, נאָר צו האַנדלען. עס קאָן זיין, אַז מיר האָבן שוין דורכגעלאָזן אַ סך צייט. מיט 10—15 יאָר פֿריער וואָלט די זאַך פֿיליכט געווען מער דערפֿאָלגרייך, און עס איז דעריבער איצט ניט מער די צייט אָפּצולייגן. מ׳דאַרף האַנדלען תיכף.

איר ווערט דעריבער געבעטן צו טאָן דאָס פאָלגנדיקע:

1. אויב איר זייט מסכים מיטן פּראָיעקט און זייט גרייט באַלד אָנצושליסן זיך אָן אַ גרופּע פאַר וועלטלעכער יידישקייט — שניידט אויס דעם קופּאָן נומער 1 און שיקט אים צו.

2. אויב איר זייט מסכים אין פּרינציפּ אין דער נייטיקייט צו גרינדן אַזאַ פאַרבאַנד, נאָר איר האָט אויסצוזעצן קעגן געוויסע טיילן פונם פּראָיעקט און איר ווילט רעקאָמענדירן ענדערונגען, זייט אַזוי גוט שניידט אויס און שיקט צו דעם קופּאָן נומער 2, צו וועלכן איר קאָנט צושרייבן אייערע באַמערקונגען און רעקאָמענדאַציעס.

שיקט צו דעם קופּאָן אויפן אַדרעס:

„וועלטייד", 41 יוניאָן סקווער, רום 719, ניו־יאָרק 3, נ. י.

אַלס רעזולטאַט פון די צוגעשיקטע קופּאָנעס, וועלן באַלד געמאַכט ווערן פאַרבאַרייטונגען פאַר אַ צוזאַמענקונפט פון די פאַראינטערעסירטע, און עס וועט געפונען ווערן דער ריכטיקער וועג פאַר די וועלטלעכע יידן אַרויסצוגיין פון זייער צעשוואומענקייט און אָנצוהייבן שאַפן אַ נייעם יידיש־וועלטלעכן לעבנסשטייגער, אין וועלכן זיי זאָלן זיך אַליין פול אויסלעבן און צו וועלכן זיי זאָלן קאָנען צוציען און צובינדן זייערע קינדער.

קופאָן נומער 1

איך בין מסכים מיטן „פּראָיעקט פון אַ פאַרבאַנד פאַר וועלטלעכער יידישקייט״, בין גרייט אָנצושליסן זיך אָן אַ גרופּע און זיין צווישן די גרינדער פונם פאַרבאַנד.

נאָמען: — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַדרעס (אין ענגליש): — — — — — — — — — — — — — — — — — —

באַשעפטיקונג: — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך וואָלט פאַרגעשלאָגן, איר זאָלט שיקן דעם פּאַמפלעט צו די פאָלגנדיקע פּערזאָנען:

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

---

קופאָן נומער 2

איך בין מסכים אין פּרינציפּ מיט דער נייטיקייט צו גרינדן אַ „פאַרבאַנד פאַר וועלטלעכער יידישקייט״; אָבער איך דענק, אַז אין דעם פּראָיעקט דאַרפן אַריינגעטראָגן ווערן די ענדערונגען, וואָס איך שיק אייך דאָ צו אויף אַ באַזונדער פּאַפּיר:

נאָמען: — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַדרעס (אין ענגליש): — — — — — — — — — — — — — — — — — —

באַשעפטיקונג: — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

